„פראלעטאריער אלער לענדער פעראייניגט אייך".

„FREIHEIT"

# פרייהייט

פרייז פר. איינצעלנע נומער: 4 הל.

אבאָנאָמענט: גאנציעהרליך — .2 קראנען
האלב „ — .1 „

אדרעסע פיר די רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן:
Krakau Dietelsgasse 42.

ציוניסטיש־סאָציאַליסטיש־ארבייטער־אָרגאַן.

ערשיינט יעדען פרייטאג

קראקוי, ערשטער יאהרגאנג. נומער 9 27 October 1905.

## די פּאָליטיק פון די הויכע פענסטער.

מיר אלע ווייסען, אַז אין די זאָגענאַנטע קולטור־שטאאַטען פון אייראָפּא איז די רעגירונג אין די הענד פון א לייכטזיניגע קאמאַרילא. מיר אלע ווייסען, אַז די פּאָסטען פון די בעאַמטע און מיניסטאָרען, פון וועלכע עס טהוט אָבהענגען דאָס גליק און אונגליק פון די פעלקער זענען בעזעצט פון מיטגליעדער פון דער העכסטער אַריסטאָקראַציע. מיר ווייסען, אַז אַ יעדעס מיטגליעד פון דער דאָזיגער אריסטאָקראַטישער קלאַסע איז דורך א מיטעלאַלטערליכע ערציהונג און א פאַלשען לעבענס־אופן אזוי פערדאָרבען, אַז עס האָט זיך אויסגעבריטעט אַ טיעפער שפּאַלט צווישען דער הערשער־קליקע און אַלע קלאַסען פון דעם „געמיינעם" פאָלק. און אַזאַ קלאַסע, וואָס זי איז פרעמד דעם גאַנצען פאָלק האַלט אויף די עקאָנאָמישע, קולטורעלע און נאציאָנאלע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. דורך קינצענהאַפטע אבשליסונג און ערציהונג ווערט ערדייכט, אַז די פעלקער אייראָפּא׳ס און זייערע הערשער־חברות האבען צווישען זיך קיין געמיינזאַמעס אינטערסע, קיין געמיינזאַמע געדאַנקען און קיין געמיינזאַמעס געפיהל נישט.

געוועהנליך וועלען מיר איינפאַכע מענשען און געהאָרזאַמע שטייערצאָהלער פון די עקזיסטענץ פון דער דאָזינער קליקע נאָר דורך דעם פאַקט געוואָהר, אַז די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט געהט עפּיס צו לאַנגזאַם. מיר זעהען, אַז אויף דעם גאַנצען עקאָנאָמישען, פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען אייראָפּא׳ס ליגט אַ קללה פון אָבשטערבענדיגער לאַנגזאַמקייט. מיר זעהען, ווי אַזוי דורך דעם שטילשטאַנד ווערען נישט געלעזט די סאָציאַלען און גייסטיגען לעבענספראַגען פון די פעלקער נאָר פון איין טאָג צום צווייטען אָבגעלעגט. נאָר אונזערע „קליינע" מענשען האָבען זיך צו דעם אפילו אויך צוגעוועהנט. זיי זענען עבען געקומען צו דער „וויסענשאַפטליכער" איבערצייגונג, אַז אין דער נאַטור אַזוי גוט ווי אין׳ס מענשליכען לעבען געהט אַלסדינג היבש לאַנגזאַם. רעזיגנירט האָט אונזערע קליינע מענשהייט אָבגעלעגט אויף מאָרגען די לעזונג פון איהרע אַלע לעבענספראַגען און די ערפילונג פון איהרע אַלע לעבענסאידעאַלען.

נאָר די הערשענדע קליקען זענען נישט בלויז רעאקציאָנער. עס קומט אַ סך מאָל פאָר, אַז די דאָזינע שענע חברה ווערט אָנגעחאַפּט פון אַ גרויסען וואַהן*). אַ סך מאָל טרעפט זיך, אַז זיי ווילען נישט בלויז זייערע אייגענע פעלקער, נאָר אפילו אויך מיליאָנען אַנדערע אונשולדיגע מענשען מיט זייערע הערשער־מעטאָדע פערניכטען. די חמץ׳דיגע ווייצען אינ׳ם מאגען פון די פעלקער איז נישט נאָר אַ הינדערניס אין דער פאָלקסענטוויקלונג, נאָר אויך אַ פאָרטוועהרענדער געפאַהר פאר זייער עקזיסטענץ. זייער חשק נייע לענדער צו ערוויבערען, זייער וועלטסמאַכט — גרעסענוואַהן און נאָך אַזוינע פּראָדוקטע פון זייער דעגענעראַציאָן בעדייט אַ דויערענדער געפאַהר פאַר די גאַנצע מענשהייט. אויב אַ געוועהנליכער מענש האָט אַ גרעסענוואַהן, שיקט מען איהם אינ׳ם משוגעים־שטיבעל. אויב אָדער אַ מיטגליעד פון דער דאָזינער חברה האָט נישט אַ זעהר געזונדען קאָפּ, מאַכט מען אויס איהם אַ דיפּלאָמאַט. וועלכע געפאַהר עס ענטשטעהט דאַדורך, אַז מען לאָזט אַזוינע לייט פריי האַנדלען, קענען מיר זעהען פון די פּאַסירונגען אין דער הויכער דיפּלאָמאַטיע, וואָס מען האָט געוואָהר געוואָרען אין דער לעצטער צייט.

דער ענגלישער מיניסטער, פונ׳ם אייסערען לאָרד

*) אַ שגעון, אין וועלכען מען טהוט זיך איינבילדען, אַז מען קען מעהר ווי מען איז.

[...]ענאַסען! שטעהט צו צו די וויענער צענטראַל־פערבענדע.

לענדסראָהן, וואָס ער איז דער מאַכטאויסדרוק פון די אינ־
טרינאַנטע און פראָפּיטניערינע קליקע פון לאָרדס און אַנ־
דערע ענגעלישע קאַפּיטאַליסטען, דער פראַנצויזישער מי־
ניסטער דעם אייסערען, דעלקאַסע, וואָס ער פערטרעטעט
די שפעקולאַנטענבאַנדע פון די פאַריזער בערזענוועלף און
פירסט בילאָוו דער לאָקאי פון דעם מאַכטבעגיערינען פעאַ־
אודאַליזמוס פרייסען־דייטשלאַנד'ס, די דריי טיפּשים פער־
טרעטער פון דער הערשער־חברה אייראָפּאַ'ס, האָבען
חדשים־לאַנג געאַרבייטעט, כדי צו פערניכטען דעם פריע־
דען פון אייראָפּא.

שיער וואָלטען די דריי זייער ציעל דערגרייכט.
מען האָט אינטריגירט אין לאָנדאָן, מען האָט קאָנספּערירט
אין פאַריז און מען האָט פּראָוואָצירט אין בערלין. די דריי
שפעקולאַנטען האָבען אָהן אַ סוף נאַפט אינ'ם פייער אריינ־
נעגאָסען, כדי צו דערגרייכען אַ וועלטקריעג. עס זענען
געוועזן טעג אינ'ם חודש יוני, וואו דאָס גליק און
די ענטוויקלונג פון דריי גרעסטע נאַציאָנען איי־
ראָפּאַ'ס, דייטשען, פראַנצויזען, ענגלענדער זענען
געוועזן אבהענגיג פון די לוינען און איינפעלע פון
דריי מענשען. דער דאָזינער פאַקט אַליין איז אַ שרעק־
ליכער בעליידיגונג פאַר יעדען, וואָס דענקט און פיהלט
מענשליך. דאָס גליק און די ענטוויקלונג פון דער מענש־
הייט אינ'ם העכסטען גראַד און געפאַהר דורך די שענד־
ליכע ליידענשאַפטען פון דער הערשענדער קליקע. צו קען
מען זיך עפּיס טרויערינערעס, עפּיס בעליידינענדערעס, ווי
דאָס פאָרשטעלען?

אין די קריטישע טעג, אין וועלכע דאָס גליק און
אונגליק אייראָפּאַ'ס האָט געהאָנגען אויף אַ דינעם פאָדעם
איז אויפגעשטאַנען דאָס דייטשע און דאָס פראַנצויזישע
פּראָלעטאַריאַט און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען
פון בײדע פעלקער, האָבען הויך און קלאָר ערקלעהרט,
אַז די פעלקער ווילען זייער שיקזאַל אַליין בעשטימען
און ווילען זיך נישט לאָזען פיהרען אין די בלוטיגע
מלחמות אַזוי ווי בהמות צום שעכטען. דאָס [illegible]ראָלעטאַר־
יאַט פראַנקרייך'ס און דייטשלאַנד'ס האָט עפענטליך ער־
קלעהרט זיין נישט־צערייסבאַרע סאָלידאַריטעט און האָט
געדראָהט נישט צוצולאָזען אפילו מיט די שאַרפסטע מיט־
לען צו אַ מלחמה צווישען בײדע פעלקער.

די דייטשע רעגירונג האָט אפילו פּראָבירט דעם
ווילענסאויסדרוק פונ'ם פּראָלעטאַריאַט ברוטאַל נידערצו־
דריקען, נאָר דאָס ציעל האָט דאָס פּ[illegible]אַריאַט דאָך
דערגרייכט.

דעלקאַסע דער פאָלקסנעפעהרליכער קאָנספּיראַטאָר
איז פערשוואונדען פון דער פּאָליטישער ביהנע און וועט
קיינמאָל נישט צוריקקומען; די דייטשע היצקעפּ האָבען
געמעסיגט זייערע נעפעהרליכע פּראָוואָקאַציאָנען און די
ענגלישע רעגירונג האָט אַ נדר נעטהון אין צוקונפט ביי
איהרע פאָלקספערניכטענדע אינטריגען אַביסעל פאָרזיכטי־
גער צו זיין.

נאָכדעם ווי מען האָט אויף אַזאַ אופן די סימנים
פונ'ם פערברעכען אַוועקגעווישט, האָט מען מיט פּאַטאָס
ערקלעהרט: „עס איז איבערהויפּט נאָר נישט געווען". די
נאַרישע שטאַאטסבירגער און שטייערצאָהלער האָבען דאָס
געגלויבט און האָבען נעקוקט אויף די איבערשטאַנענע
וועלטנעפאַהר פונ'ם חודש יוני אַזוי ווי אויף אַ „פאַנטאַ־
זירטע מעשה פון סאָציאַלדעמאָקראַטישע היצקעפּ".

די הויכע פּאָליטיק ווייסט תמיד וואָס זי טהוט, זי
וועט שוין תמיד דאָס אינטערעסע פון די פעלקער פער־
טרעטען, און די סאָציאַלדעמאָקראַטען, די „פערפלוכטע
רויטע באַנדע" פון וואַנעט נעהמט זי די חוצפּה אין דער
הויכער פּאָליטיק איבערהויפּט מיטצורייזען? — און ווען
זאָנאַר די סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט בעהויפּטעט, אַז
נאָר אַ דאַנק דעם פּראָלעטאַריאַט איז די דיפּלאָמאַטיע
פערהינדערט געוואָרען אַ וועלט־שרפה צו מאַכען, איז מען
זעהר אין כעס נעקומען איבער די עזות'קייט פונ'ם פעבעל.

נאָר צום אומגליק האָט דער שקר קורצע פיס, און
ווען מען טהוט אַרויסוואַרפען אַ דיענער, ריזיקירט מען,
אַז ער זאָל אַלע סודות פונ'ם בעל־בית אויסזאָגען. די ראָ־
לע פונ'ם אויסגעדיענטען דיענער שפּיעלט אַצונד הערר
דעלקאַסע. ער האָט פאָרינע וואָך קאַלטבלוטיג בעשטעה־
טיגט, אַז אַלץ דאָס וואָס די סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט
אין די חדשים יוני און יולי איבער די הויכע פּאָליטיק
דערצעהלט איז אמת, און דאָס עס איז נאָר צו פערדאַנ־
קען דעם ענערגישען פּראָטעסט פונ'ם אונטערנאַציאָנאַלען
פּראָלעטאַריאַט, אַז עס איז נישט נעקומען צו אַ וועלט־
בלוטפערניסען.

דאַדורך וואָס אַ רודף־כבוד האָט אויס אירגענד
וועלכע געמיינע מאָטיווע נעעפענט דעם פאָרהאַנג פון
דער דיפּלאָמאַטיע האָט ער אויפגעוויזען נישט־ווילענדיג
אפילו די פעלקער אייראָפּאַ'ס צוויי וויכטיגע פאַקטען:

1) די דיפּלאָמאַטיע זייענדיג די דיענערין פון
די געפעהרליכע ליידענשאַפטען פון די הערשער־
קליקען איז אַ דויערנדע געפאַהר פאַר דער ענט־
וויקלונג פון דער מענשהייט. 2) די איינצינ

גאראנטיע פאר די פריעדליכע ענטוויקלונג פון
דער מענשהייט איז דאס אינטערנאציאנאלע סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָלעטאַריאַט.

## די זאָנטאָגסרוהע.

א קלאָגליעד געהט דורך כל ישראל, אומעטום
אַנטיסעמיטען! דאס פארלאמענט אין ווין, דער לאנד־
טאג אין לעמבערג, דער געמיינדעראטה אין קראקוי, די
פויל. סאָצ. דעמ. די האנדעלסגעהילפען־געווערקשאַפט,
אינגאץ דאשינסקי, גראף פאטאצקי אלע, אלע האַ־
בען זיך צונויפגעבונדען אין איין אנטיסעמיטישען געהיל
כדי צו פערניכטען דעם יודישען האנדעל. חזנים אין דעם
דאָזיגען קלאָגליעד זענען די ציוניסטען פון אלע סאָרטען
אנגעהויבען ביי „מזרחי" און געענדיגט ביי „פועלי־ציון".
איבער וואס קלאגען זיי אזוי? הערט!

ביז אצונד האט דער יודישער סוחר שבת פער־
מאכט דאס געשעפט און דער פוילישער נישט. אין דעם
אופן האט דער יוד אפען געהאט 6 טאג אין דער וואך
און דער פוילישער 7 טאג. אצונד קומען די אנטיסע־
מיטען און פאָדערן, אז דער יודישער סוחר זאל נישט
נור פערמאכען שבת דאס קרעמעל נאר אפילו זונטאג
אויך, דאס הייסט דער רואין פון'ם יודישען האנדעל דאס
איז א געמיינער אנטיסעמיטישער אטענטאט.

מיר ווילען אצונד איבערקלערען אויב דער פאקט
פון דער געזעצליכער זונטאגסרוהע איז א אנטיסעמיטי־
שער אדער א גאנץ נאטירליכער. אונז דאכט עס, אז
נישט די אלגעמיינע זונטאגסרוהע איז דאס וואס רואי־
נירט דעם יודישען האנדעל, נור פערקעהרט די יודישע
שבת־רוהע. „סטייטש?" ווערען אונז פרעגען אלע עהר־
ליכע יודען, „די שבת־רוהע איז געווען אין דער צייט פון
די בעסטע געשעפטען וואו מען האט פערדיענט מיליא־
נען." די דאזיגע קשיא איז נישט אזוי דום, ווי זי קלינגט.
באמת, אזוי לאנג ווי דער יודישער האנדעל האט געהאט
מאנאפאליזירט דעם האנדעל פונ'ם גאנצען לאנד, האט
מען געקענט ביי איהם שעהן פערדיענען, פשוט דערפאר
וויל אין א האנדעל פון א לאנד בכלל ווערד שעהן
פערדיענט. איז דער האנדעל גענצליך געווען אין יודישע
הענד האט ער אודאי געהאט יודישע פארמען, ד. ה.
שבת־רוהע. יעצט האט ענטוויקלונג פונ'ם לאנד דעם
האנדעל געבראכט אין די הענד פון די פוילען און אי־
בערדעם האט ער געמוזט אננעהמען די פארמען פונ'ם
פוילישען לעבען, ד. ה. זונטאגסרוהע, דער פאקט אז זיי
יודישע סוחרים האבען ווייטער פערמאכט שבת זייערע
קרעמעליך איז דער סימן דערפאר, אז זיי זענען נישט
אריינגעקומען ביי דער ענטוויקלונג אין דעם אמת'ן האנ־
דעל פון דעם לאנד, דען דענסטמאל וואלטען זיי אננע־
נומען די הערשענדע האנדעלספארם פון די פוילען מיט
זונטאגסרוהע. די דאזיגע סוחרים, וואס עס איז זיי גע־
גליקט אריינצוקומען אין פוילישען האנדעל האבען בע־
רייטס שבת געעפענט און זייערע אנגעשטעלטע פער־
לאנגען פון זיי — און דאס מיט רעכט, — אז מען
זאל זיי זונטאג פריי געבען. אלע יודישע סוחרים וואס
זיי זענען אינ'ם געזונדען האנדעל פון לאנד ווערען פרי־
הער אדער שפעטער קומען אין די עקאנאמישע נויט־
ווענדיגקייט שבת זייערע געשעפטען צו עפענען און זייערע
אנגעשטעלטע ווילען פערלאנגען, אז מען זאל זיי זונ־
טאג פריי לאזען, אויב א יודישער סוחר געפינט זיך אין
אזעלכע לאגע, אז ער קען עקזיסטירען אהן שבת צו
עפענען, אזוי איז דאס א בעווייז, אז ער געהערט נישט
צום געזונדען האנדעל פונ'ם לאנד און מוז פריהער אדער
שפעטער האבען דאס מזל פונ'ם יודישען קליינהענדלער,
דאס הייסט אינ'ם קאנקורענץ קאמפף מיט'ן פוילישען
האנדעל אונטער־צוגעהען.

דאס קעמפפענדע פראלעטאריאט אינטערעסירט
עס נישט, אויב דער אונטערגאנג פונ'ם יודישען קליינ־
האנדעל געהט שנעל צו נישט, מיר ווייסען, אז זיין
אונטערגאנג איז היסטאריש נויטווענדיג, מיר קענען דאס
בעדויערן אבער נישט אבהיטען.

אונז פעראינטערעסירט נור דער טהייל פון יודישע
סוחרים וואס זענען אים איבערגאנג צום פוילישען האנ־
דעל. דאס זענען די סוחרים וואס זייערע קאפיטאלען
וואקסען אלס גיכער און גיכער און בייטען אוים די
יודישע האנדעלסגעהילפען אין אונפערשעהמסטען אופן?
און פון דיעזע ווערען די יודישע האנדעלסאנגעשטעלטע
מיט אלע זייערע כחות ערקעמפפען די זונטאגסרוהע.

## ק ר אָ נ י ק.

קראקוי. דאס פאליטישע לעבען פון דער הינען
ארבייטערשאפט איז אנגעפילט מיט'ן קאמפף אום דאס
אלגעמיינע געהיימע וואהלרעכט. עס פערשטעהט זיך, אז
יעדע פארטיי וואס ארבייטעט צווישען דעם פראלעטא־
ריאט ערקלערט איה־ע אנהענגער די וויכטיגקייט פון די

געגאַסען! זאַמעלט פיר פרעסספאָנד.

דאָזיגע פּאָדערונגען דאס טהון די פּאָליטישע און יודישע פּאַרטייען, א יעדע אין איהר אופן, אין איהר לשון, נור ביים ארויסשטעלען פון די פּאָדערונג געגען די רעגיערונג איז עס נויטיג, אז פערזאמלונגען און דעמאָנסטראַציאָנען וועלען געמאכט ווערען פון די פּאַרטייען. וואס איז אַזוי גרויס און מעכטיג, אז די רעגיערונג זאָל פאר איהר פּחד האבען. און איז דאס ביי די היגע פערהעלטניסע די פּויל. סאָצ. דעמ. פּאַרטיי. איבער דעם פערשטעהען מיר נישט דעם צוועק פון דער פערזאמלונג און דעמאָנסטראַציאָן, וואס די היגע בונדיסטען אדער יודישע „סאָציאלדעמאָ־קראַטען", ווי זיי האבען זיך א נאָמען געגעבען, האבען אויפגעטהון שבת דעם 14. ד. מ. 600 זשארגאָנער־דענדע ארבייטער קען מען קיינמאל נישט אויפקלערען אין דער צייט פון 30 מינוטען איבער די וויכטיגסטע פראגען פונ'ם פּאָליטישען לעבען אין עסטרייך. עס וואלט בעסער געווען מען זאָל פערשפּעטיגען מנחה דאווינען און דערפאר ערנסט און וויסענשאפטליך בעהאנדלען א זאלכע פראגע. די דעמאנסטראציאָן איז כמעט לעכערליך געווען: 400 יודישע קינדער פון 14—17 יאהר. 6 אקאדעמיקער און... 100 גוט בעוואפענטע פּאָליציסטען. דאס איז געוועזען דער היסטארישער מארש פונ'ם יודי־שען פּראָלעטאריאט. מיר ציוניסטען־סאָציאליסטען האָ־בען די ארבייטער וואס שטעהען הינטער אונזערן איינפלוס אויפגעקלערט איבער די וויכטיגע פראגע אין צוויי פער־שלאָסענע פערזאמלונגען. די דאָזיגע פראגע איז אונז צו הייליג און ערנסט, אז מיר זאָלען מאכען פון איהר א פּאַרטייעקלאַמע.

דאס היגע קאָמיטעט פון די פּ. פּ. ס. ד. האט געמאכט 2 ריעזיגע פערזאמלונגען מיט דעמאָנסטראַ־ציאָנען. די פערזאמלונגען זענען אבגעהאלטען געווארען דעם 15 און 22 ד. מ. און אין ביידע האבען א אנ־טהייל גענומען מעהר אלס 10.000 מענשען. אין דער ערשטער דעמאָנסטראַציאָן האט די פּאָליציי בעוויזען איהרע ווילדקייט. זי האט געשניטען אָהן רחמנות מיט בלויסע שווערטען אין די מאסע און האט ארעסטירט וועמען זי האט געקענט האפּען. דאס צווייטע מאל האט זי בעוויזען איהר פּחד פאר די ערביטערונג פון די מאסע, וויסענדיג, אז דאס איז געשלעגע פון יענע וואך האט אנ־געפילט די מאסע מיט א רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, זע־נען די פּאָליציסטען אין דער היים געבליבען. אויף די זעלבע גאסען און פּלאצען אויף וועלכע מען האט זיך יענע וואך געשלאגען מיט דער פּאָליציי כדי צו קענען דעמאָנסטרירען, איז געגאנגען דיעזע וואכע דער ריעזיגער צוג פונ'ם זיגענדען פּראָלעטאריאַט. ש.

סטאַניסלוי. אונזערע היגע גרופּע וואקסט יעדען טאג אלס מעהר און האט שוין אצונד א גוטע צאהל פון מיטגלידער אין דער גרופּע ווערד דיסקוטירט און שטודירט סאָציאליזמוס און יודענפראגע.

אם פאַרינען זונטאג האט דא דער פיהרער פון די היגע רעאקציאָנערע א „פּאַרטשריטליכער" ראבינער, דאס הייסט א אייראָפּעאיש אנגעטהוענער אזיאט גערעדט. דער הערר הייסט דר. ברוידע און האט גערעדט איבער „פּועלי־ציון". זיי קענען איהם זיין זעהר דאנקבאר, דען מיר מיינען, אז צום סוף זענען אלע געווען באמת קלאר איבער די אידעאָלאָגיע פון דער דאָזיגער פּערפּוילטער פּאַרטיי. דער רעדנער איז אבער נישט נור איין אונגע־וועהנליכער שאוויניסט נור ער האט אויך די צווייטע גוטע איינענשאפט פון די ציוניסטען, דאס הייסט א פּאַרזיכ־טיגע דיפּלאָמאטיע. אלס איינער פון אונזערע חברים האט געבעטען דאס ווארט צו דער דיסקוסיאָן דא האט דער יודישער גאלאך און זיין גראָסמוטה און חכמה פערזאָגט.

מיר האבען דא א ערזאץ וואהל פון א אבגע־אָרדנעטען צום פּאַרלאַמענט פון די 5 קוריע, דאס היגע קאָמיטעט פון די פּ. פּ. ס. ד. שטעלט אלס קאנדידאט דעם גענאָסע דר. ש ט י י נ פ ע ל ד. א. ב.

קיעוו. (פּריוואט קארעספּאָנדענץ.) ווען איך בין דיעזע טעג געווען אין יעקאטערינאסלאוו, האב איך דער־לעבט גרויס פריידע. עס זענען דארט אימער געוועזען איבער 1000 בעוואוסטע יודישע סאָציאלדעמאָקראַטישע ארבייטער, וואס שטעהען אויף דעם שטאנדפּונקט פון די טעריטאריאלע לעזונג פון די יודענפראגע, און דיעזע געזונדע טעאָריע האבען ווייערע פיהרער איינינע שטו־דענטען און זשורנאליסטען אריינגע'גנב'עט א פּאַלעסטי־ניזם, וואס האט זיך געקענט נור דערפאר האלטען, וואס זיי האבען סיסטעמאטיש די ארבייטער אבגעשניטען פון די גרויסע ציוניסטיש־סאָציאליסטישע פּאַרטיי און ארייג־נעפרעדיגט אין די מאסען, אז אלע טעריטאריאליסטישע ארבייטער זענען פּאלעסטינעזער. עס פערשטעהט זיך, אז אונזערע אגיטאטארען אנהויבענדיג אויפצוקלערען די מאסע, האבען זיי אין דער צייט פון 2 חדשים געבראכט די מעהרהייט אונטער די פאהנע פון אונזערע זיעגרייכע פּאַרטיי. עהנליכע גוטע נאכריכטען הערט מען פון ז ש י ט א מ י ר וואו דאס פערהאלטען פון די פּוע י־ציון דעלעגירטע אויף דעם קאנגרעס האט 600 פּועלי־ציוניסטישע ארבייטער אריינגעפיהרט אין אונזערע פּאַרטיי.

## בריעפּקאַסטען.

טאַרנאָפּאָל. מיר בעדויערן, אז איהר האָט נומער 8 נישט פּינקטליך בעקומען. בראָדי. דאָס געלד פאר פּרעספּאָנד ערהאלטען. גאָרליצע. דאָס געלד פאר פּרעספּאָנד ערהאלטען. סטרי. איהר קענט די פערזאַמלונג אויף § 2 איינבערופען. נייסאַנדעץ. שלמה אַגיטירט אצונד אין וואַדאָוויץ. אין א פּאר וואכען ארום קומט ער צו אייך. האָמעל. אלעס בעקומען? לידא. בעקומען. געלד שיקט. פּשעמישל. נומער 2 "קראַניק" און די בראשורע קען מען נאָך נישט שיקען און פערשפּרייטען. גאָרליצע. "דער יוד" איז א בירגערליך־ציוניסטיש אין א אָרגאַן פונ'ם דיסטריקט.

## די נומער ערשיינט וועגען די סוכות־טעג 8 טאָג שפּעטער

## אַלע געלדזענדונגען זענען צו ריכטען אַז דער אַדרעסע:

**Abr. Schreiber, Kraków, Długa 15.**

[Wy]dawca i odpow. redaktor: Schulim Freund, Kraków. — Drukiem Józefa Plessnera i Ski w Podgórzu.